# לאָמיר זינגען

## 61 לידער פאַר היים, שול, יום טובים
## און פייערונגען

צוזאַמענגעשטעלט

— פון —

**מיכל געלבארט**



אַרויסגעגעבן פון

בילדונגס דעפּאַרטמענט פון אַרבעטער רינג.

175 איסט בראָדוויי

.1937-38

# א י נ ה אַ ל ט

## סאָציאַלע לידער



## קינדער לידער

## יום טוב לידער

26. יום טוב'דיקע טעג
27. אוי, חנוכה
28. היינט איז פורים

## פאָלקס און פאָלקסטימלעכע לידער

29. טרייע ליבע
30. אויפן ים וועיעט אַ ווינטעלע
31. שיין ביסטו ליובטשע
32. לאָמיר ביידע אַ ליבע שפּילן
33. אַז עס געפעלט, איז אַ חופּה
34. דער שיינער וויינגאָרטן
35. מארגאריטקעס
36. די ווערבע *
37. צום העמערל
38. מחותנים גייען
39. דער בעכער
40. זשאַמעלע *
41. אַ בחור אַ הולטיי *
42. דו־דו . . . באַם ים
43. יאנעקס התונה
44. הוליעט, הוליעט קינדערלעך
45 די פּראָש *

## פון פרעמדן קוואַל

46. אָלד בלעק דזשאָ (נעגער) *
47. סטענקאָ ראזין (אוקריייניש)
48. פיניקולי־פיניקולא (איטאַליעניש) *
49. שטייט אַ ווערבע (ווייס רוסיש) *

## אָריגינאַל פּאָפּולערע לידער



## חסידישע נגונים



אַלע לידער, וועלכע זיינען באַצייכנט מיט אַ שטערנדל * אין זייט — האָבן אויך די מעלאָדיע, די נאָטן.

אַ ליד קען מען געפינען לויטן נומער. יעדעס ליד האָט דעם זעלביקן נומער: סיי אין אינהאַלט; סיי איבער די ווערטער און סיי איבער די מוזיק.

## 1

# אינטערנאַציאָנאַל

שטייט אויף איר אַלע ווער ווי שקלאַפן,
אין הונגער לעבן מוז און נויט,
דער גייסט ער קאָכט און רופט צום וואַפן,
אין שלאַכט אונז פירן איז ער גרייט.
די וועלט פון גוואַלדטאַטן און ליידן
צעשטערן וועלן מיר — און דאַן
פון פרייהייט, גלייכהייט אַ גן עדן
באַשאַפן וועט דער אַרבעטס מאַן.
דאָס וועט זיין שוין דער לעצטער
און אנטשיידענער שטרייט.
מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל
שטייט אויף איר אַרבעטס לייט!

## 2

# די שבועה

ברידער און שוועסטער פון אַרבעט און נויט,
אַלע וואָס זיינען צעזייט און צעשפּרייט.
צוזאַמען, צוזאַמען די פאָנע איז גרייט,
זי פלאַטערט פון צאָרן, פון בלוט איז זי רויט.
אַ שבועה, אַ שבועה אַף לעבן און טויט!

הימל און ערד וועט אונז הערן;
עדות די ליכטיקע שטערן.
אַ שבועה, אַ שבועה
פון בלוט און פון טרערן,
מיר שווערן, מיר שווערן, מיר שווערן!

מיר שווערן צו קעמפן פאַר פרייהייט און רעכט.
מיט אַלע טיראַנען און זייערע קנעכט.
מיר שווערן באַזיגן די פינצטערע מאַכט,
אָדער מיט העלדנמוט צו פאַלן אין שלאַכט.
אַ שבועה, אַ שבועה אַף לעבן און טויט.
הימל און ערד א. אַ. וו.

מ. פּאָזנער א. ליעסין

3

# אַלע פאַר איינעם

מיר האָבן די היימישע פלאַמען,
שוין צענדליקע יאָרן געהיט,
זיי האָבן אויך הינטער די יאַמען
פאַר אונז אַזוי ליב נאָך געגליט.
זיי האָבן אונז גלוטיק צוזאַמען,
אין רינג פון אַן אָרדן געשמידט.

און אַלע פאַר איינעם
און איינער פאַר אַל׳
באַלויכטן אין איינעם
פון איין אידעאַל.

דעם גרויסן, דעם שיינעם —
פון אַרבעטער כּלל.

# 4

# מוטיק, חברים

מוטיק חברים צוזאַמען,
שטאַרקט אין דעם שלאַכט אייער גייסט ;
מאַכט זיך אַ וועג דורך די פלאַמען,
קייטן פון קנעכטשאַפט צערייסט.

לאַנג האָט מען קייטן געטראָגן,
הונגער געליטן און פּיין ;
זעט, עס הייבט אָן שוין צו טאָגן,
פריי דאַרף דער אַרבעטער זיין.

צייט פאַר דער אַרבעט זיך נעמען,
איילט־זשע וואָס גיכער אין שלאַכט ;
ס׳וועט אונז דאָס האַרץ ניט פאַרקלעמען,
שרעק פאַר דער פינצטערער נאַכט.

5

# וואַרשאַוויאַנקאַ

עס בלאָזן די גרויזאַמע ווינטן און ווייען,
פינצטערע קרעפטן באַדריקן אונז מיט האַס.
שליסט זיך חברים גאָר פעסט אין די רייען,
אין שלאַכט מיטן שונא פון אַרבעטער קלאַס.

מוטיק צוזאַמען,
איר אַרבעטער קעמפער !
מאַרש ! — מאַרש אין קריג,
צו דעם הייליקן זיג ! !

# 6

# יונגע קעמפער

דער וועג פאַראויס איז אונזער ציל,
דער זיג איז אונזער ברודער;
די גאַנצע וועלט איז ווי אַ שיף
און מיר זיינען דער רודער.

יונגע קעמפער זיינען מיר,
אין אומעדיקע צייטן;
ווען דער פיינט באַווייזט זיך נאָר —
זינגען מיר פון ווייטן.

דער וועג פאַראויס א. אַ. וו.

עס וועט קומען באַלד אַ צייט
צו גיין אַף באַריקאַדן,
דאַן וועלן זינגען אָט דאָס ליד
די קעמפנדיקע אָטריאַדן.

דער וועג פאַראויס א. אַ. וו.

מיר וועלן איינעמען די וועלט,
פון פאַלשקייט און פון ליגן,
הערשן וועט גערעכטיקייט
ווען מיר וועלן זיגן.

דער וועג פאַראויס א. אַ. וו.

ש. אַנס־קי

# 7

## צום בונד

אין זאַלציקן ים, פון מענטשלעכע טרערן,
געפינט זיך אַ שרעקלעכער תהום;
ער קען שוין ניט טיפער, ניט פינצטערער ווערן,
אים צייכנט אַ בלוטיקער שטראָם . . .

דעם תהום האָבן טויזנטער יאָרן געגראָבן,
אמונה, און שנאה און פּיין.
און טויזנטער יאָרן, אַלץ טראָפּן נאָך טראָפּן —
עס גיסן זיך טרערן אַריין.

דעם אַרבעטער ווער וועט ענדלעך דערלייזן,
פון הונגער און אייביקע לייד?
און ווער וועט דעם וועג אים צו פרייהייט באַווייזן,
צו ברידערשאַפט, גלייכהייט און פרייד?

דער אַרבעטער וועט די וועלט באַפרייען און היילן,
ווען ס'וועט דערגרייכן דער תהום ביזן גרונד;
זאָל לעבן פון רוסלאַנד, פון ליטע און פּוילן —
דער אידישער אַרבעטער „בונד״.

# 8

## ברידער, מיר האָבן געשלאָסן

אָ, ברידער מיר האָבן געשלאָסן,
אויף לעבן און טויט אַ פאַרבאַנד;
מיר שטייען אין שלאַכט ווי גענאָסן,
די פאָנען, די רויטע אין האַנט.

טרעפט דיך אַ קויל מיין געטרייער,
אַ קויל פון דעם שונא דעם הונט,
איך נעם דיך אַרוים באַלד פון פייער,
און הייל דיר מיט קושן דיין וואונד.

ביסטו געפאַלן אַ טויטער,
די אויגן, די ליפּן פאַרמאַכט;
איך וויקל דיך איין אין דער פאָנע דער רויטער
און פאַלן צוזאַמען אין שלאַכט.

## 9

# אַ יונג פון די בלאָטעס

טוט אַ קוק אַפן שטיבל וואָס שטייט דאָרט ניט ווייט —
ווער האָט עס געבויט, ווער האָט עס?
ווער האָט עס מיט ליים און מיט ציגל באַנייט?
אַ גאַקעטער יונג פון די בלאָטעס.

טוט אַ קוק אַפן פערדל, וואָס טאַנצט דאָרט אַליין —
ווער האָט עס געפּאַשעט, ווער האָט עס?
ווער האָט עס געמאַכט אַזוי יונג, אַזוי ריין?
אַ נאַקעטער יונג פון די בלאָטעס.

טוט אַ קוק אַפן ברויט, וואָס איז היימיש און פריש —
ווער עס האָט פאַרזייט, ווער האָט עס?
ווער האָט עס פון פעלדער געבראַכט אַפן טיש?
אַ נאַקעטער יונג פון די בלאָטעס.

# 10

## מחנות גייען

פּאָרוועדטס ברידער אין די רייען,
די פּלאַקאַטן טראָגט פּאָראויס;
מחנות גייען, גייען, גייען,
אין דעם קאַמף צום זיג פּאָראויס!

ווער עס שרעקט זיך און האָט מורא,
וויל מיט אונז אין קאַמף ניט גיין,
יענער איז אַ שקלאַף געבאָרן
און זאָל בלייבן אין דער היים.

פעסטער שטאַרקער שליסט די רייען
קאָפּ אַרויף און ברוסט פּאָראויס;
מחנות גייען, גייען, גייען,
אין דעם קאַמף צום זיג פּאָראויס!

ווער עס שרעקט זיך און האָט מורא,
וויל מיט אונז אין קאַמף ניט גיין;
יענער איז אַ שקלאַף געבאָרן,
און זאָל ער בלייבן אין דערהיים.

## 11

# באַריקאַדן

טאַטעס מאַמעס קינדערלעך
בויען באַריקאַדן,
און אין גאַס מאַרשירן אום
אַרבעטער אָטריאַדן.

דער טאַטע איז דאָך היינט אַוועק
פרי אין דער פאַבריק,
און די קינדער פרעגן ניט
ווען ער קומט צוריק.

ס'איז די מאַמע אויך אַוועק
אין מאַרק פאַרקויפן עפל,
און אין קיך פאַריתומט שטייט
ס'פענדל מיטן טעפל.

ס'וועט היינט ניט זיין קיין וועטשערע
זאָגט חנה צו די יאַטן,
ווייל די מאַמע איז אַוועק
אַרויסהעלפן דעם טאַטן.

מ. ל. האַלפּערן

# 12

## סטרייקער באַנדע

ווען מיר זינגען ביים געניי
פידל פי, פידל פום!
הערט זיך באַלד דעם באָס' געשריי:
סטרייקער באַנדע בום!
שרייט דאָס באָסל ווייסט ער דאָך,
אַז מיר זינגען העכער נאָך.

פידל פי און פידל פום,
סטרייקער באַנדע — בים, באַם, בום!
גייט די נאָט אין ראָק ניט גלייך . . .
גייט זי קרו־רו־רום!

שפּילט דאָס באָסל משה גרויס
פידל־פי, פידל־פום!
גייען מיר אין סטרייק אַרויס —
סטרייקער באַנדע בום!
שלעפּן מיר אַ סקעב אַראָפּ,
מאַכט מען אונז אַ לאָך אין קאָפּ.
פידל־פי און פידל־פום א. אַ. וו.

זינגט זשע אַלע נאָך אַמאָל:
פידל־פי, פידל־פום!
אייניקייט איז שטאַרק ווי שטאָל —
סטרייקער באַנדע בום!
אייניקייט דאָס איז די בריק,
וואָס פירט אונז פון סטרייק צום זיג.

פידל־פי און פידל־פום
סטרייקער באַנדע בים־באם־בום,
גייט די נאָט און ראָק ניט גלייך,
גייט זי קרו־רו־רום.

## 13

# עס דרייען זיך די רעדער

עס דרייען זיך די רעדער, עס קלאַפּן די מאַשינען,
אין פאַבריק איז שמוציק און הייס;
דער קאָפּ ווערט פאַרטומלט, די אויגן ווערן טונקל,
טונקל פון טרערן און פון שווייס.

פאַרוואָס זאָלן מיר ניט מקנא זיין דעם מייסטער
דעם מערדער
זעט נאָר ווי ער איז דיק און ברייט;
ער זויפט זיך דאָס ביר און רויכערט די ציגאַרן
צי ווייסט ער פון הונגער און פון נויט.

## 14

# אין קוזניע

אין דער קוזניע ביי דעם פייער
שטייט אַ שמידער און ער שמידט ;
ער קלאַפּט דאָס אייזן, פונקען פייער פליען
און ער זינגט דערביי אַ ליד.

פון דער פרייהייט וואָס וועט קומען —
זינגט ער מוטיק, זינגט ער היים ;
און ער שפּירט ניט ווי עס גיסט זיך
פון זיין פּנים טייכן שוויים.

שטאַרק באַצויבערט פון דער פרייהייט,
זינגט ער ווייטער און עס קלינגט ;
נאָר דער האַמער קלאַפּט נאָך העכער
און ער הערט ניט וואָס ער זינגט.

15

# יונגע גוואַרדיע

דעם העלן טאָג אַנטקעגן,
חברים קומט אין שטרייט;
מיט מוט אַף נייע וועגן,
נצחון איז ניט ווייט.
מיט מאַכט פאַראוים און פעסטע טריט!
איר יונגע, קומט אונז אַלע מיט —
מיר גייען די יונגע גוואַרדיע פון פראָלעטאַריאַט.

מיר היטן אין זכרון,
דעם טאַט פון אַלטער וועלט.
דעם פיין פון קינדער יאָרן,
פון הונגער און פון קעלט.
די קייט וואָס האָט דעם טראָט געשטערט,
מיט יעדן טאָג צעריסן ווערט.
מיר גייען די יונגע גוואַרדיע פון פראָלעטאַריאַט.

ה. וואָלאָוויץ ח. י. פאַרבער

# 16

# קינדער מאַרש

קינדער, קינדער, קינדער —
אויף דער גאַס אַרוים.
אייער צייט אַצינדער,
מאַרש און מאַרש פאַראויס!

מאַסן, מאַסן, מאַסן —
קינדער ריי נאָך ריי.
אַ געמיש פון ראַסן,
ראַסן אַלערליי.

שפּאַנען, שפּאַנען, שפּאַנען —
קינדער מיט געזאַנג.
פלאַטערן די פאָנען,
מישט זיך פאַרב און קלאַנג.

ווייסע, ווייסע, ווייסע —
קינדער האַנט אין האַנט.
ווי אַ צויבער מעשה,
פון אַ וואונדער לאַנד.

לידער, לידער, לידער —
קלינגט אין לופט אַרום.
אַלע זיינען ברידער,
דאָ און אומעטום.

ה. וואָלאָוויץ	נחום י.

# 17

## די שול

לאָמיר זינגען אַ ליד צו דער אידישער שול,
וואָס איז אַלעמען אונז אַזוי טייער;
לאָמיר זינגען מיט פרייד און מיט האָפנונג פול,
אויף אַ וועלט אַ באַפרייטער, אַ נייער.

אונזער שול פון דעם אַרבעטער רינג איז אַ פרייד,
וואָס וועט העל אונזער לעבן באַשטראַלן;
אונזער שול איז אַ לויטערער קוואַל, וואָס דערפרייט —
לאָמיר טרינקען פון אונזערע קוואַלן.

לאָמיר לערנען פון די, וועלכע האָבן געבויט,
און אין קאַמף זייער מוט ניט פאַרלאָרן;
לאָמיר טראָגן דעם גייסט, וואָס מען האָט אונז פאַרטרויט,
שוין פון טויזנטער, טויזנטער יאָרן.

צו דער אַרבעטער שול, צו דער אידישער שול,
וואָס איז אַלעמען אונז אַזוי טייער;
לאָמיר זינגען מיט פרייד און מיט האָפנונג פול —
אויף אַ וועלט אַ באַפרייטער, אַ נייער.

י. גלאַטשטיין  מ. בראָדערזאָן

# 18

# מאַרש ליד

איינס און צוויי און דריי און פיר,
וואָס מיר זיינען, זיינען מיר.
כאָטש מיר זיינען יונג און קליין,
ווי די העלדן דאַרף מען גיין.

אַ פּיסל איבער אַ פּיסל,
און שטייפער, שטייפער אַביסל,
שפּאַן! — שפּאַן שטאָלץ און זיכער,
די קעפּלעך העכער — העכער!

פינף און זעקס און זיבן און אַכט,
ניט געוויינט און ניט געלאַכט.
ניט געשטאַנען נאָר ניט שטיין,
ניט געלאָפן — גיין נאָר גיין!

אַ פּיסל א. אַ. וו.

מיכל געלבארט　　　　　　　　　　רבקה גאלין

# 19

# טשינג טשאַנג טשו

טשינג טשאנג טשו,
ווער ווייסט וואו?
זיינען די כינעזערלעך
מיט די קורצע נעזעלעך?

טשינג טשאנג טשו,
ווער ווייסט וואו?
אינגלעך טראָגן קליידעלעך,
הויזן טראָגן מיידעלעך?

טשינג טשאנג טשו,
ווער ווייסט וואו?
אַף געגאָלטע קעפּעלעך,
באַמבלען לאַנגע צעפּעלעך?

טשינג טשאנג טשו,
ווער ווייסט וואו?
שיינע מאַנדל אייגעלעך,
בוקן זיך ווי פייגעלעך?

טשינג טשאנג טשו!

מיכל געלבאַרט      ב. י. ביאַלאָסטאָצקי

## 20

# א מעשה׳לע

אין הימל שווימט אַ וואָלקנדל,
אַ וואָלקנדל אָן רו...
יע וואָלקנדל, ניט וואָלקנדל —
דאָס איז דאָך בלויז אַ מעשהלע,
אַ ציגעלע אַ ווייסעלע...
דאָס וואָלקנדל ביסטו.

פון הימל פאַלט אַ רעגנדל,
עס מאַכט דער טאָג זיך צו...
יע רעגנדל, ניט רעגנדל —
דאָס איז דאָך בלויז אַ מעשהלע,
אַ ציגעלע אַ ווייסעלע —
דאָס רעגנדל ביסטו.

עס שלאָפט אין פעלד אַ זאַנגעלע,
אַ זאַנגעלע ליו־ליו...
יע זאַנגעלע, ניט זאַנגעלע —
דאָס איז דאָך בלויז אַ מעשהלע,
אַ ציגעלע אַ ווייסעלע —
דאָס רעגנדל ביסטו.

אַ מיל, אַ מיל, אַ מילכעלע,
און פליגלען פיר זשו־זשו...
יע מילכעלע, ניט מילכעלע —
דאָס איז דאָך בלויז אַ מעשהלע,
אַ ציגעלע אַ ווייסעלע —
דאָס מילכעלע ביסטו.

* * *

אַ וואָלקנדל, אַ רעגנדל,
אָ, מאַך די אויגן צו !...
ניט וואָלקנדל, ניט רעגנדל,
ניט זאנגעלע, ניט מילכעלע,
ניט ציגעלע ניט ווייסעלע —
מיין מיידעלע ביסטו.

פּראָפ. ש. צעסלער

## 21

# מיר גייען

צעשטעלט זיך נאָר קינדער מיט וואנדער געמיט,
אַזוי ווי די העלדן אין רייען!
און הילכיק זאָל קלינגען דאָס אידישע ליד:
מיר גייען, מיר גייען, מיר גייען!

אַרוים פון דעם שטאָטישן טומל און דראנג,
אַף זוניקע וועגן שאָסייען:
פאַרשפּרייטן דאָס אידישע וואָרט דורך געזאַנג —
מיר גייען, מיר גייען, מיר גייען!

## 22

# דאָרט אין שטעטל

דאָרט אין שטעטל, שטייט אַ הייזל,
מיט אַ גרינעם דאַך;
און אַרום דעם הייזל וואַקסן
ביימעלעך אַ סך.

און דער טאַטע מיט דער מאַמען,
בערעלע מיט מיר;
וואוינען דאָרטן אין דעם הייזל
אַלע, אַלע פיר.

און דער טאַטע האָרעוועט, האָרעוועט
אַלע זיינע יאָרן,
און ער ברענגט אונז גוטע זאַכן
ווען ער קומט צו פאָרן.

ברענגט אַ פערדל, הירזשעט, הירזשעט
אַלע זיינע יאָרן.
ברענגט אַ הינטל, האַווקעט, האַווקעט,
ווען ער קומט צו פאָרן.

מיכל געלבארט    י. לוקאָווסקי

# 23

# חד גדיא

איך האָב פאַר אייך אַ מעשהלע,
אַ מעשהלע גאָר שיין:
דער טאַטע האָט אַ ציגעלע
געקויפט פאַר צוויי גילדיין.

אַ ציגעלע אַ ווייסינקע,
אַ שיינינקע ווי גאָלד,
און צוויי גילדיין מעזומענע
האָט ער פאַר איר באַצאָלט.
חד גדיא!

איז דאָך אין הויף אַ קאַץ געווען,
אַ מזיק ווי באַוואוסט;
האָט קעצלען זיך פאַרצוקן גאָר
דאָס ציגעלע פאַרגלוסט.

דערזען האָט עס הינטעלע,
פאַרדריסט עס אים גאַנץ שטאַרק.
ער וואַרפט זיך אויף דער בייזער קאַץ
און בייסט איר איין אין קאַרק.
חד גדיא!

קומט שטעקעלע אין כעם אַריין
און טראַכט גאָר ניט קיין סך,
און שפּאַלט דאָס קעפּל הינטעלען —
דו הונט! ס'איז ניט דיין זאַך!

צעפּלאַקערט האָט זיך פייערל,
פאַר כעם צונטער רויט:
דו שטעקעלע, דו פלעקעלע,
איך מאַך דיר באַלד אַ טויט.
חד גדיא!

# 24

# וויג ליד

שלאָף מיין קינד מיין טרייסט מיין שיינער,
שלאָף-זשע זונעניו;
שלאָף מיין קינד, מיין קדיש איינער
שלאָף-זשע שלאָף, ליו-ליו.

ביי דיין וויגל זיצט דיין מאַמע,
זינגט אַ ליד און וויינט;
וועסט אַמאָל פאַרשטיין מסתמא,
וואָס זי האָט געמיינט.

אין אַמעריקע דער טאַטע
דיינער זונעניו,
ביסט אַ קינד נאָך, שלאָף לעת-עתה
שלאָף-זשע, שלאָף ליו-ליו.

ער וועט שיקן צוואַנציק טאָלער,
זיין פּאָטרעט דערצו;
ער וועט נעמען, לעבן זאָל ער
אונז אַהינצו צו.

דאָרטן עסט מען אין דערוואָכן
חלה זונעניו,
איך וועל דיר דאָרט יאַיכלעך קאָכן
שלאָף-זשע, שלאָף ליו-ליו.

ה. וואָלאָוויץ                          ש. צעסלער

## 25

# א פידלער

ס'האָט דער טאַטע פון יאַרידל
מיר געבראַכט אַ נייע פידל;
דאָ, רע, מי, פא, סאָל, לא, סי,
שפיל איך: טידל-די, די-די.

כ'האַלט דאָס קעפל אָנגעבויגן
און פאַרגלאָץ דיביידע אויגן;
דאָ, רע, מי, פא, סאָל, לא, סי,
שפיל איך: טידל-די, די-די.

רעכטן טראָט פאָראויס אַביסל,
קלאַפּ דעם טאַקט צו מיטן פיסל;
דאָ, רע, מי, פא, סאָל, לא, סי,
שפיל איך: טידל-די, די-די.

קוועלט און וואונדערט זיך די מאַמע:
„קענסט דאָך אַזוי גוט די גאמע!"
דאָ, רע, מי, פא, סאָל, לא, סי,
שפיל איך: טידל-די, די-די.

## 26

# יום טובֿדיקע טעג

אַז די יום טובדיקע טעג הייבן זיך אָן באַווייזן,
ווער איך ביי מיר גאָדל;
איך לייג מיר אַוועק די שער און אייזן
און וואו כ'האָב ביי מיר נאָר אַ נאָדל.
אויפגעהערט נייען, אַרבעט זוכן —
האַרצעדיקער טאַטע!
אַביסעלע ווײַן אום יום טוב צו פאַרזוכן
איז בעסער ווי לייגן אַ לאַטע.

כאָטש אין דער מלחמה פאַרשטיי איך מיר ווייניק,
וואָס האָט מען דאָ צו שמיסן.
ווען איך זאָל זיין אַ גרויסער קעניק —
וואָלט איך פאַרבאָטן צו שיסן.
איך וואָלט ניט דערלאָזט אַזוינע רציחות,
איך וואָלט געזאָגט אָן מורא:
אַנשטאָט זיך צו שלאָגן,ביידע מלוכות,
בעסער גיין צו אַ דין תורה.

אַז די יום טוב׳דיקע טעג הייבן אָן פאַרגיין,
האַרצעדיקער טאַטע!
איז ווידער שניידן, ווידער נייען
און ווידער לייגן אַ לאַטע.
ווידער ציט זיך דאָס אַלטע לעבן,
עס נעמט באַם האַרצן רייסן...
אוי וויי חנה, סערצע לעבן,
צי האָסטו ניט וואָס צו פאַרבייסן?!

---

## 27

# אוי, חנוכה

אוי חנוכה, אוי חנוכה אַ יום טוב אַ שיינער,
אַ לוסטיקער, אַ פריילעכער ניטאָ נאָך אַזוינער,
אַלע נאַכט אין דריידל שפּילן מיר,
זודיק הייסע לאַטקעס עסט אָן אַ שיר.
געשווינדער,
צינדט קינדער
די דינינקע ליכטעלעך אָן.
זאָל יעדער באַזונדער,
באַזינגען דעם וואונדער,
און טאַנצן פריילעך אין קאָן.

## 28

# היינט איז פורים

היינט איז פורים ברידער,
עס איז דער יום טוב גרויס,
לאָמיר זינגען לידער
און גיין פון הויז צו הויז.
לאַך אידעלע, לאַך,
אַ יום-טובל מאַך!
קינדס קינדער געדענקען דעם נס.
זינגט קינדערלעך, זינגט!
טאַנצט פריילעך און שפּרינגט!
דעם טייערן טאָג ניט פאַרגעסט.

---

## 29

# טרייע ליבע

כ׳האָב שוין ניט קיין כח
ביי דער אַרבעט איינצוזיצן,
פאַר מיין מאַמען זאָג איך ניט אַרויס, } 2
אוי אַרויס!

זע האָב אויף מיר רחמנות
און ווער פאַר מיר אַ חתן
און נעם מיך פון דער אַרבעט אַרויס
אוי אַרויס.

— פאַר דיר אַ חתן ווערן
האָט פאַר מיר קיין ראָסטשאָט ניט,
ווייל איך בין אַ אינגעלע צום שטיין, } 2
אוי צום שטיין —

און אַז דו ביסט אַ אינגעלע
מיט פאַלשע געדאַנקען
פון פאָניעס הענט זאָלסטו ניט אַרויסגיין,
אַרויסגיין.

דיין טאַטע וויל נדן,
דיין מאַמע וויל נדן.
זיי מיינען פון דעם נדן וועלן זיי ווערן רייך, } 2
אוי ווי רייך

גאָט קען זיי שענקען,
דעם נדן צו פאַרקרענקען,
מיט אַלע קבצנים זאָלן זיי זיין גלייך,
אוי גלייך!

— דיך האָב איך ליב
און דיך וועל איך נעמען.
איך וועל דיך נעמען אָן אַ גראָשן געלט! } 2
אוי אָן געלט!

דעם טאַטן אויף צו לאָכעס,
די שונאים אויף קאַדאָכים
מיט דיר וועל איך אָפּלעבן די וועלט,
אוי די וועלט.

## 30

# אויפֿן ים

אויפֿן ים וועיעט אַ ווינטעלע,
אוי אַ ווינטעלע
און די כוואַליעס שלאָגן.
איך האָב זיך פֿאַרליבט אין אַ שיין אינגעלע
כ׳שעם זיך פֿאַר אייך אויסצוזאָגן.

ער האָט געבויעט אַ שיפעלע,
אוי אַ שיפעלע,
אַרום און אַרום מיט פֿענצטער.
פֿון אַלע קארטינעס וואָס כ׳האָב איבערגעזען
איז ער דאָך פֿון זיי דער שענסטער.

אַז אַ גזלן קוילעט אַ מענטשן,
אוי אַ מענטשן,
קוילעט ער אים מיט אַ מעסער.
און כאָטש דו האָסט מיך ניט דערקוילעט
דאָך ביסטו פֿון אַ גזלן נאָך גרעסער.

## 31

# שיין ביסטו, ליובטשע

שיין ביסטו ליובטשע, ליובטשע,
שיין ווי די גאַנצע וועלט.
נאָר איין חסרון האָסטו דאָך,
וואָס דו האָסט ניט קיין געלט.

געלט איז דאָך קיילעכיק, קיילעכיק,
געלט גייט אַוועק.
כ׳וועל מיך הענגען, כ׳וועל מיך שעכטן,
שענק מיר דיין פּאָטרעט.

— מיין פּאָטרעט אַוועקגעשיקט, אַוועקגעשיקט,
פֿאַר טויזנטער מייל.
— איך האָב געמיינט די ליבע איז אויף אייביק
צום סוף איז זי אויף דערווייל.

# 32

## לאָמיר בײדע אַ ליבע שפּילן

לאָמיר בײדע אַ ליבע שפּילן,
לאָמיר זײַן פֿון גאָט אַ פּאָר.
שווערן, שווער איך דיר בײַ שער און אײַזן,
אַז וואַרטן וועל איך פֿאַר דיר צוויי דרײַ יאָר.

צוויי דרײַ יאָר וועל איך פֿאַר דיר וואַרטן,
אַפֿילו פֿיר איז אויך כּדאַי,
געלט אין פֿאָלק אַרײַן וועל איך דיר שיקן
און אַלײן זיך מוטשען דאָ בײַ שנײַדערײַ.

בײַ שנײַדערײַ וועל איך זיך מוטשען,
און דאָ לעבן אין גרויס נויט.
און אַז דו וועסט אַמאָל פֿון סלוזשבע קומען,
זאָלסטו ניט זאָגן כ׳בין אַן אַלטע מויד.

## 33

# אַז עס געפעלט, איז א חופּה

די מאַמע קאָכט וואַרעניקעס,
און איך בין גאָר פליישיק;
דערזע איך אַ שיין מיידעלע,
קריג איך צו איר חשק.
לא־לא־לא . . . .

מיר געפעלט דאָס מיידעלע,
מיין מאַמע אין דער מיט;
איך האָב ליב דאָס מיידעלע,
מיין מאַמע וויל זעך ניט.
לא־לא־לא . . . .

שיין איז דאָס מיידעלע,
ווי די גאַנצע וועלט,
נאָר אַ חסרון האָט זי זיך,
זי האָט דאָך ניט קיין געלט.
לא־לא־לא . . . .

געלט איז דאָך קיילעכדיק,
עס קייקלט זיך אַוועק;
נעם איך מיר מיין מיידעלע
און פאָר מיט איר אַוועק.
לא־לא־לא . . . .

איך פאָר מיט איר אַוועק,
אין דער שטאָט אדעס;
איך שטעל מיט איר אַ חופּה
אין איין מעת־לעת.
לא־לא־לא . . . .

## 34

# וואָס טויג מיר דער שיינער וויינגאָרטן

וואָס טויג מיר דער שיינער וויינגאָרטן,
אַז פלאַנצן קען איך אים ניט?
וואָס טויג מיר אַ ליבע צו שפּילן,
אַז נעמען קענען מיר זיך ניט.

אוי ווײ, מאַמע, כ׳וועל מער קיין ליבע ניט שפּילן,
כ׳וועל מער באַ זיין טויער ניט שטיין,
ער׳ט זיך באַרימט פאַר זיינע חברים,
אַז איך רוף אים און ער וויל ניט גיין.

אוי, פאַר וועמען ס׳איז ליכטיק די נאַכט,
פאַר מיר איז פינצטער דער טאָג;
אוי, פאַר וועמען ס׳איז נחת און פרייד,
פאַר מיר איז אַ יאָמער און אַ קלאָג.

ז. שנייער

# 35

# מאַרגאַריטקעס

אין וועלדל באַם טייכל, דאָרט זיינען געוואָקסן
מאַרגאַריטקעלעך עלנט און קליין;
ווי קלייניניקע זונען מיט ווייסינקע שטראַלן,
מיט ווייסינקע... טרא-לא-לא-לא.

געגאַנגען איז חוה׳לע שטיל און פאַרחלומט
צעלאָזן די גאָלדענע צעפּ;
דאָס העלזל אַנטבלויזט און געמורמלט, געזונגען
אַ לידעלע: טרא-לא-לא-לא.

דאָ קומט איר אַנטקעגן אַ בחור אַ שוואַרצער,
מיט לאָקן, מיט שוואַרצע ווי פּעך;
ער פלאַמט מיט די אויגן און ענטפערט איר לוסטיק,
און ענטפערט איר: טרא-לא-לא-לא.

— וואָס זוכסטו דאָ מיידעלע, וואָס האָסטו פאַרלאָרן?
וואָס ווילסטו געפינען אין גראָז?
— איך זוך מאַרגאַריטקעס — פאַרוויטלט זיך חוה,
פאַרוויטלט זיך... טרא-לא-לא-לא.

— דו זוכסט נאָך? און איך האָב שוין טאַקע געפונען.
די שענסטע מאַרגאַריטקע אין וואַלד.
אַ מאַרגאַריטקע מיט צעפּ און מיט אויגן סאַפירן,
מיט אייגעלעך... טרא-לא-לא-לא.

# 36

## די ווערבע

ניט ביטאָג און ניט ביינאַכט,
גיי איך אַרום פאַרטראַכט;
ניט אויף באַרג און ניט אויף טאָל,
שטייט אַ ווערבע פון אַמאָל.

אַ גבירטע אַ גרויסע,
איז די ווערבע אַלצדינג ווייסט זי,
בא דער ווערבע וועל איך וועגן
מיין באַשערטן טאַקע פרעגן.

און זי וועט מיר אַלין דערציילן,
צי מיין געליבטער קומט פון פוילן.
צי פון ליטע, צי פון זאמוט,
אַ באַנקיר צי אַ מלמוד.

צי אַ בלאָנדער, אַ ברונעטער,
אַ בחור, צי אַ גע׳גט׳ער.
און אפשר גאָר אַן אַלטן אידן —
בין איך טאַטע ניט צופרידן.

איך וועל זאָגן: טאַטע טויט מיך,
נאָר ניט צום שידוך נייט מיך.
אוי, כ׳וועל דאָס ניט אויסהאַלטן,
כ׳וויל טאַטע ניט קיין אַלטן.

## 37

# צום העמדל

אוי, העמערל, העמערל קלאַפּ!
שלאָג שטאַרקער אַ טשוועק נאָך אַ טשוועק.
קיין ברויט איז אין שטוב שוין ניטאָ,
נאָר צרות און לייד אָן אַן עק.

אוי, העמערל, העמערל קלאַפּ!
עס שלאָגט שוין דער זייגער באַלד צוועלף.
די אויגן זיי מאַכן זיך צו —
גיב כוחות, אָ, גאָטעניו העלף.

אָ, העמערל, העמערל קלאַפּ!
שלאָג שטאַרקער די טשוועקעס, שלאָג גיך!
ביז מאָרגן מוז פאַרטיק שוין זיין,
דער גבירטעס טעכטערלס שיך.

אָ, העמערל, העמערל קלאַפּ!
ניט גליטש פון מיין האַנט זיך אַרויס.
מיין איינציקער שפייזער ביסטו,
פון הונגער אָן דיר גיי איך אויס.

מ. מ. וואַרשאַווסקי

## 38

# מחותנים גייען

די מחותנים גייען קינדער,
לאָמיר זיך פרייען — שאַט נאָר שאַט!
דער חתן איז גאָר אַ וואונדער,
שפּילט אַ לידעלע דעם חתנס צד.
איי, איי, איי! . . .

אָט גייט דער פעטער קאָנע,
מיט דער מומע הנה — שאַט נאָר שאַט.
דאָס איז די בעסטע מתנה,
שפּילט אַ לידעלע דעם חתנס צד.
איי, איי, איי! . . .

דעם חתנס שוועסטער פריידל,
זי דרייט זיך ווי אַ דריידל — שאַט נאָר שאַט.
נעמט זי אַריין אין רעדל,
שפּילט אַ לידעלע דעם חתנס צד.
איי, איי, איי! . . .

אָט גייט דער פעטער מינדיק,
וואָס האָבן מיר געזינדיקט — שאַט נאָר שאַט!
ער בלאָזט זיך ווי אַן אינדיק,
שפּילט אַ לידעלע דעם חתנס צד.
איי, איי, איי! . . .

## 39

# דער בעכער

טייערע מלכה,
געזונט זאָלסטו זיין,
גים אָן דעם בעכער,
דעם בעכער מיט וויין.
בים באם . . .

דער דאָזיקער בעכער
ער גלאַנצט אַזוי שיין,
האָט געטרונקען מיין זיידע,
מיין זיידע אַליין.
בים באם . . .

געווען שלעכטע צייטן,
ווי עס מאַכט זיך אַמאָל.
נאַר דעם בעכער האָב איך געהאַלטן,
אייזן און שטאָל.
בים באם . . .

טייערע מלכה,
געזונט זאָלסטו זײַן,
פֿאַר וועמען זאָל איך טרינקען
דעם דאָזיקן ווײַן?
בים באַם . . .

כ׳טרינק פֿאַר מײַנע שונאים,
נאָר זאָג זיי ניט אויס.
קוק טרערן זיי שפּריצן
פֿון בעכער אַרויס.
בים באַם . . .

א. ליטווין

# 40

# זשאַמעלע

דו וועסט זיין אַ גביר מיין זשאַמעלע,
פלעגט מיר זינגען באַ מיין וויגעלע,
אַלע נאַכט אַמאָל מיין מאַמעלע,
איך געדענק נאָך היינט איר ניגעלע.

און מקוים איז געוואָרן מיר,
די הבטחות פון מיין מאַמעלע.
שווער צו קריגן אַזאַ גרויסן גביר,
אַזאַ עושר ווי איר זשאַמעלע.

שלאָפן, שלאָף איך אויף אַ קערבעלע,
מאַך המוציא אויף אַ סקאָרינקע,
און לחיים פון אַ שערבעלע
פול מיט ברונעם וואַסער קלאָרינקע.

און דאָס קינדעלע און ס׳ווייבעלע,
גייען אויסגעפּוצט אַנטיקעלע.
פול אין אָניטשקעס דאָס לייבעלע,
און פאַרגאַרטלט מיט אַ שטריקעלע.

## 41

# א בחור א הולטיי

כ'בין אַ בחור אַ הולטיי,
מיט אַ גרויסן שטעקן.
טיי ראַ ריי ריי ריי ריי ריי, } 2
שפּאַן אין אַלע עקן.

קום איך צו אַ קרעטשמע צו,
קלאַפּ איך אָן אין טויער.
— ווער ביסטו און ווער ביסטו? } 2
— ענטפער איך אַ גייער.

— ליידיק גייער, אַזוי פרי,
הוצפּהניק פאַרשייטער!
— טיי-ראַ-ריי-ריי . . . } 2
און איך גיי זיך ווייטער.

קום איך צו אַ ברונעם צו,
טרינק זיך אָן מיט וואַסער.
און איך שטיי אין מאָרגן שיין } 2
ווי אַ האָן אַ נאַסער.

פאָרט אַ פויערל פאַרביי:
„צאָ סליכאַטש נאַ סוויעטשע?
ווייס איך ניט און איך זאָג: } 2
סוועטשע, פּעטשע, מעטשע!

פאָרט אַ פאַרמערל פאַרביי:
„עני ניוס אין סיטי"?
ווייס איך ניט און איך זאָג: } 2
סיטי, פּיטי, מיטי!

# דו־דו : : ; בּאַם ים

גיי איך מיר באַם ברעג פון ים
און זוך עפּעס אַרום,
אַ שטילע שטימע פון דער ווייט
הער איך אומעטום :

דו, דו,
פון אַלע צאַרטע בלומען,
דו, דו, דו, דו,
פון אַלע מיינע טרוימען, דו.

שפּרייטן זיך די וואָלקנס אויס
עטוואָס ווייט אַוועק,
קומט אַ ווינטעלע צו גיין
און טרייבט זיי אָפּ צום ברעג.
דו, דו, אַ. אַ. וו.

שטילן זיך די וואָלקנס איין,
וואַכט אויף אַ פאַרלאַנג,
ענטפערן די כוואַליעס אָפּ
מיט אַ געטלעכן געזאַנג :
דו, דו, אַ. אַ. וו.

שיפן גייען אויפן ים,
לאָזן נאָך אַ שוים ;
דו האָסט מיין רו פון מיר גערויבט
געלאָזן נאָר אַ טרוים :
דו, דו, אַ. אַ. וו.

מ. קולבאַק

# 43

# יאַנקעס חתונה

אין אַ גרויסן דאָרף
פריילעך איז אַצינד,
חתונה איז היינט
באַ יאַנעקלס אַ קינד.
טרא לא־לא . . .
חתונה איז היינט באַ יאַנעקלס אַ קינד.

אויף אַ גרויסן טיש,
שטייען פלעשער וויין ;
יאַנעק דער מחותן
גיסט אין האַלז אַריין.
טרא לא־לא . . .
יאַנעק דער מחותן גיסט אין האַלז אַריין.

אין אַ לייוונט קלייד,
די כלה אויסגעצירט ;
דעם חתנס נייע שטיוול
מיט זשעגאַכץ אויסגעשמירט.
טרא לא־לא . . .
דעם חתנס נייע שטיוול מיט זשעגאַכץ אויסגעשמירט.

שטייט אַן אַלטער גוי
אָנגעשפּאַרט אין וואַנט,
אַ גאַרמאָשקע האַלט ער —
ער איז דער מוזיקאַנט.
טראַ לאַ־לאַ . . .
אַ גאַרמאָשקע האַלט ער — ער איז דער מוזיקאַנט.

ס׳איז ניטאָ קיין שטולן,
שטייט מען בײַ די ווענט.
נישטאָ קיין לעפל, גאָפּל —
עסט מען מיט די הענט.
טראַ לאַ־לאַ . . .
נישטאָ קיין לעפל, גאָפּל עסט מען מיט די הענט.

## 44

# הוליעט קינדערלאַך

הוליעט, הוליעט קינדערלעך,
כל זמן איר זייט נאָך יונג,
ווייל פון דעם פרילינג ביז צום ווינטער
איז אַ קאַצן שפרונג.

שפילט אייך ליבע קינדערלעך,
פאַרגינט מיר אויך דאָס גליק.
נעמט מיך אויך אַריין אין קאָן
אָט דעם אויגנבליק.
הוליעט, הוליעט א. אַ. וו.

מיין נשמה איז נאָך יונג
און בענקט נאָך לוסט און פרייד.
אוי ווי גערן וואָלט איך זיך
פון שווערן יאָך באַפרייט.
הוליעט, הוליעט א. אַ. וו.

שפילט אייך ליבע קינדערלעך,
פאַרלירט קיין אויגנבליק.
ווייל די יוגנט עקט זיך באַלד
און אויך מיט איר דאָס גליק.
הוליעט, הוליעט א. אַ. וו.

# 45

## די פראָש

געווען איז אַ פראָש אין אַ גרין סאַמעט קלייד,
קוואַ-קוואַ . . .
געווען איז אַ פראָש אין אַ גרין סאַמעט קלייד,
מיט אַ פאַרטוך אַ ווייסן פון פאָרנט פאַרשפרייט.
קוואַ-קוואַ . . .

איר שטוב איז געווען פון לויטער אַ-איר,
קוואַ-קוואַ . . .
איר שטוב איז געווען פון לויטער אַ-איר,
פון שטראַלן די פענצטער, פון וואַסער די טיר.
קוואַ-קוואַ . . .

פון טייך אַפן ברעג, און פון ברעג אינם טייך,
קוואַ-קוואַ . . .
פון טייך אַפן ברעג, און פון ברעג אינם טייך,
ווער האָט אַזאַ מאַנטל, ווער איז אַזוי רייך?
קוואַ-קוואַ . . .

איז געקומען אַ בושל, אַ הויכער צו גיין,
קוואַ־קוואַ . . .
איז געקומען אַ בושל, אַ הויכער צו גיין,
די פּים ווי די שפּענער, דער שנאָבל פון ביין.
קוואַ־קוואַ . . .

האָט גענומען די פראָש אינם גרין סאַמעט קלייד,
קוואַ־קוואַ . . .
האָט גענומען די פראָש אינם גרין סאַמעט קלייד,
פאַר די קינדערלעך זיינע אַ סעודה געגרייט.
קוואַ־קוואַ . . .

## 46

# „אַלד בלעק דזשאָ״

(נעגער ליד)

מיין האַרץ איז יונג געווען,
אַוועק שוין יענע צייט.

אַוועק די פריינט
פון די באַוול פעלדער ווייט.

אַוועק פון דער ערד
צו אַ בעסער, בעסער לאַנד.

איך הער די זיסע שטימען רופן:
אַלט שוואַרצער דזשאָ! . . .

איך קום באַלד!
איך קום באַלד!
ווייל מיין קאָפּ איז אַלט און גראָ

איך הער די זיסע שטימען רופן: —
אַלט שוואַרצער דזשאָ! . . .

מ. עלקין (פון רוסיש)

## 47

# סטענקאָ ראזין

פונם אינזל פונם ווייטן,
צו אַ מחנה פייגל גלייך,
שווימען שיפלעך אויסגעפּוצטע
אפן ברייטן וואָלגאַ טייך.

פאָרנט אויפן ערשטן שיפל,
מיט אַ יונגע מיידל זיצט
זייער הויפּטמאַן סטענקאָ ראזין
פריילעך, שיכור און צעהיצט.

הינטער אים דער עולם בורטשעט:
(אומצופרידן מיט דעם העלד)
„ס'איז באַ אים אַ מויד אַ שיינע
טייערער פון גאָר דער וועלט."

סטענקאָ ראזין הערט די ווערטער
כמורעט ער דעם שטערן אָן:
„אָט וועל איך אייך באַלד באַווייזן
וואָס דער הויפּטמאַן אייערער קאָן.

וואָלגאַ, וואָלגא טייך דו ברייטער,
זינט עס הערשן טאָג און נאַכט,
אַזאַ טייערע מתנה —
האָט נאָך קיינער ניט געבראַכט".

און דאָס ציטערדיקע מיידל
סטענקאָ טוט אַ כאַפּ געשווינד,
און אַ שליידער אין די כוואַליעס —
שטאַרקער פון דעם שטורם ווינט.

* * *

וואָלגאַ, וואָלגאַ טייך דו ברייטער
זינט עס הערשן טאָג און נאַכט,
אַזאַ טייערע מתנה —
האָט נאָך קיינער ניט געבראַכט.

אידיש : מ. ג.

# 48

# פיניקולי פיניקולא

(איטאַליעניש)

עס טרעפט אַמאָל די וועלט איז לוסטיק, פריילעך —
אַזוי בין איך, אַזוי בין איך!
עס טרעפט, די וועלט איז פול מיט מרה שחורה —
פאַרדריסט עס מיך, פאַרדריסט עס מיך.

ווייל איך האָב ליב צו זינגען שיינע לידער —
א שיין געזאַנג, א שיין געזאַנג.
פיל אָן די לופט מיט פרעכטיקע אקאָרדן —
מיט שיינעם קלאַנג, מיט שיינעם קלאַנג.

הער די עכאָס פילן אָן די לופט,
הער די עכאָס קלינגען פון דער ווייט:
טרא-לא-לא . . .
עכאָס פון דער ווייט —
טרא-לא-לא . . .

עס טרעפט אַמאָל מען דאַרף ניט טאַנצן, שפרינגען —
נאָר ניט מיט מיר, נאָר ניט מיט מיר.
עס טרעפט, די אויגן זאָלן זיין פאַרלאָפן —
נאָר ניט בא מיר, נאָר ניט בא מיר.

ווייל איך פלי אין די הימלען און בין גליקלעך,
נאָר ווען איך טאַנץ, נאָר ווען איך טאַנץ!
ווי שלעכט איז יענעם מענטש וואָס קען ניט זינגען
און גיין אַ טאַנץ, און גיין אַ טאַנץ!

הער די עכאָס פילן אָן די לופט,
הער די עכאָס קלינגען פון דער ווייט:
טרא־לא־לא . . .
עכאָס פון דער ווייט —
טרא־לא־לא . . .

אידיש : ש. קאַהאַן

# 49

## שטייט א ווערבע

(ווייס רוסיש)

שטייט אַ ווערבע אין פעלד,
פליסט אַ קוואַל אונטער איר ;
דאָרטן, דאָרטן גייט אַ מיידל
איינמאָל אויף שפּאַציר.

ס'מיידל גייט פון קוואַל,
קומט צום קוואַל אַ יונג ;
— שטיי נאָר, לויף ניט, שיינע מיידל !
גיב דעם פערד אַ טרונק.

— כ'וויל דאָס אויך אַליין,
אָבער לאָז מיך גיין.
מיינע פיסלעך זיינען באָרוויס,
איז מיר קאַלט צו שטיין.

י. אדלער ה. וואָלאָוויץ

# 50

# א גן עדן

זע איך אין אַ זייד פאַבריק,
שפינער, זיידנס שפינען;
דאַכט זיך מיר דער שפינער וויינט
און ס׳וויינען די מאַשינען.

זע איך אַקערן אַ פעלד,
זייען און אויך שניידן.
ווייס איך, אַז דער אקערער —
ער וועט הונגער ליידן.

טראַכט איך באַלד: עס קומט אַ צייט
פון לידער און פון בלומען.
ווען יעדער אַרבעטער וואָס שאַפט
ער וועט זיין לוין באַקומען.

האָבן וועט דער שאַפער אַלץ
וואָס ער וועט פאַרלאַנגען.
די יאָרן זיינע וועלן זיין
יום טובים און געזאַנגען.

דעמאָלסט וועט דער אַרבעטס מאַן
שאַפן מיט אַ זינען.
ס׳וועלן אונטער זיינע הענט
זינגען די מאַשינען.

# 51

# א מלאך וויינט

אַ מלאך וויינט, אַ מלאך וויינט,
און באַדעקט די גראָז מיט טוי;
ליבסטער מיינער, ליבסטער מיינער —
איך בענק נאָך דיר אַזוי . . .

עס איז מיין בעט מיט פּוך געבעט,
און איך וואַלגער זיך אַף שטרוי;
ליבסטער מיינער, ליבסטער מיינער —
איך בענק נאָך דיר אַזוי . . .

אַ נאַכט געוואַרט, אַ נאַכט געוואַרט,
און דער טאָג ער קומט שוין גרוי;
ליבסטער מיינער, ליבסטער מיינער —
איך בענק נאָך דיר אַזוי . . .

מיכל געלבארט ה. רויזנבלאַט

# 52

# וואַנדער איך אַליין

אויף אַ שטילן וועג אַ שמאָלן,
צווישן בערג און צווישן טאָלן,
וואַנדער איך אַליין.

קיינער קומט מיר ניט אַנטקעגן,
מיר וואָס זאָגן, מיך וואָס פרעגן,
שפּאַן איך מיר אַליין.

פאַלט דער אָוונט צו אַ בלויער,
כאַפּט מיך אָן אַ שטילער טרויער,
טרויער איך אַליין.

טונקלער, טונקלער נעמט עס ווערן,
ס'צינדט זיך אָן דער ערשטער שטערן,
חלום איך אַליין.

אויף אַ שטילן וועג אַ שמאָלן,
צווישן טונקעלע בערג און טאָלן,
וואַנדער איך אַליין.

שלום גאָלוב    ע. גרינבלאַט

## 53

# חלומ׳ען חלומות

חלומען חלומות,
חלומען חלומות.
אין דער טיפקייט פון דער נאַכט,
ליגן באַרג און טאָל פאַרטראַכט —

שיקט דער באַרג צום טאָל אַ בליק.
ענטפערט טאָל באַלד אָפּ צוריק,
זעלביקע רעיונות,
חלומען חלומות.

טאָל און באַרג און באַרג און טאָל,
בליען בלומען אָן צאָל.
כשוף, כשוף אומעטום.
כשוף, כשוף אומעטום.

ווידערט אָפּ דער באַרג אַ קול,
ענטפערט ווידער אָפּ דער טאָל.
באַלד ווערט שטיל אַרום . . .
באַלד ווערט שטיל אַרום . . .

## 54. — דעם טאַטנס נגון

Andante Religioso



# יו־לא־לא — .55

Freilech

Loit Zilberts



## 56. — אַ ריקודעלע

Freilech



## 57. — דעם רבינס נגון פון רייסין



Freilech

## 58. — אַ נגון אָן אַ סוף

Freilech



## 59. — קוידאניווער נגון

Freilech



## 60. — קאָצקער נגון

Freilech



## 61. — אַ רעדל

Freilech

